אי. קיִפניִס

# ס׳קערט זיך א וועלט

א פיעסקע פאר יוגנט און קיִנדער



ווייסרוסישער מעלוכע-פארלאג
מיִנסק — 1929

געשענקט דער ייִדישער היסטאָרישער
סטודיע אין מאסקווע אונטער דער אָנפירונג
פון מ. ראַפאַלסקי.

## ס׳נ ע מ ע ן אָ נ ט י י ל:

יאָסעלע.

רייכע לייט ייִדן און ייִדענעס.

די ייִדענע די זאָגערן.

דער אַלטער מעלאמעד.

שמיר-יונגען.

באלעבאָס.

אָרעמע ווייבער.

קוילן-פּירער.

דאָרף-יונגען.

דעם פּאָרעצס הינט.

באַנקירן, גוטבאזיצער, פּאַבריקאנטן.

גייסטלעכע.

אלטער אָרעמאַן.

יונגער אָרעמאן.

דאָס מיידעלע, וואָס וויינט.

רויטאַרמייער.

דאָס פּאָלק.

(פֿאַרן פֿאָרהאַנג זיצן קינדער אין אַ ווינקל און דערציילן).

— אין אומאַן צי אין באַרדיטשעוו און עפּשער אַזוי אין אַ שטאָט איז געוואָקסן אַ ייִנגעלע אַ יאָסעלע. זײַן טאַטע איז געשטאָרבן אין טורמע, די מאַמע איז אויסגעגאַנגען פֿון הונגער, פֿלעגט זיך יאָסעלע אַרומדרייען אַרום פֿרעמדע טישן.

באַטאָג איז יאָסעלע געלאָפֿן גאַנגען פֿאָלגן די רײַכע לײַט, באַנאַכט איז ער געשלאָפֿן זומער—אַרום די קלייטן לעם שוימער, און ווינטער—אין קלויסטער-שטיבל בײַם פֿײַער.

אויגן זײַנען געווען בײַ יאָסעלען שוואַרצע: האָר— לאַנגע, נישט קיין געשוירענע און פֿאַרויכערטע. אַזוי איז יאָסעלע געוואַקסן וואָס אַ טאָג גרעסער, און וואָס אַ טאָג קלוגער.

שיקן אונטער איינמאָל די רײַכע לײַט אַ רעבן מיט לאַנגע פּייעס, ער זאָל יאָסעלען אין כיידער אַרײַן פֿאַרפֿירן, ער זאָל יאָסעלען מיט לאָקשן שמײַסן, יאָסעלע זאָל ווערן אַ פֿרומער מאַן. לאָזט זיך יאָסעלע ניט כאַפּן...

דער רעבע לויפֿט און יאָסעלע אַנטלויפֿט.

געלאָפֿן, געלאָפֿן...

ביז יאָסעלע איז אַנטלאָפֿן.

# ערשטע בילד.

א פלאץ אין מיטן שטאט. בא דער זייט פון פלאץ—א קלויסטער. פון פארשיידענע הייזער קוקן פענצטער, גערטנער, וועראנדעס; אף די וועראנדעס זיצן רייכע לייט און לאזן זיך וואויל גיין, לעם קלויסטער-פלויט זיצט יאסעלע.

## פון איין וועראנדע:

יאָסעלע!

## יאָסעלע:

(טוט זיך אַ וואָרף)

האַ?!

## פון צווייטער קעגנאיבערדיקער וועראַנדע:

יאָסעלַע!

## יאָסעלע:

האַ?!

## איין ווייַבל:

יאָסעלע, פאָלג!

## צווייטע ווייַבל:

יאָסעלע, גיי!

## דריטע:

יאָסל, אין קלייטל קויף מיר אַן איי!

פערטע:

יאָסעלע, וואַסערן

פינפטע:

יאָסעלע, פייערן

1־טע:

גיכער, נאַ גיי, אָט האָסטו אַ דרייער!

דריטע:

יאָסעלע, פלי, דו זאָלסט זיך נישט זאַמען!

5־טע:

יאָסל, ס׳וועט אַ רוף אין דיין מאַמען!

— (יאָסעלע טאַנצט די גאַנצע צייט אַנקעגן יעדן: פאָלגט, וויזט, נעמט צו, וואַרפט אַריין אין מויל אַריין...)

יאָסעלע:

איך גיי און איך לויף,
איך לויף און איך קויף
אַ פלאָדן, אַן עפּל,
אַן ערדענעם טעפּל,
אַ קופּערנע פאַן,
אַ הילצערנעם קאַן.
באַ מיר אַ גאַנג
געווערט ניט לאַנג:
צום שויכעט, צום בוידעק
צום ראָוו און צום דאַיען.

(ער שלעפּט עפּעס פון אַ וועראַנדע, באַטראַכט, ס׳געפעלט אים ניט, ער וואַרפט אַוועק).

איך האָב געמיינט ס׳אַ העכט,
צום סאָף — גאָר אַ שלאַיען!

### אַלע ווײַבער:

(לאָזן זיך נאָך אים).

ס׳אַ שייגעץ, ס׳אַ הולטאַי,
ס׳אַ וואָס אין דער קאָרט,
ס׳וואַקסט דאָך אַ שייגעץ
אָן אַ וואָר וואָרט! — — —

### איין ייִדענע:

צום שויכעס... מיין שכיינע...
אַ גאַנדז ס׳געשיקט שעכטן — — —
האָט ער אַליין זי געקוילעט...

### אַלע ווײַבער:

ווען?!

### ייִדענע;

ערשט נעכטן!

### אַלע ווײַבער:

(דרייען זיך).

ס׳אַ שייגעץ, ס׳אַ הולטאַי,
ס׳אַ וואָס אין דער קאָרט,
ס׳וואַקסט דאָך אַ גאַנעוו
אָן אַ וואָר וואָרט.

### צווייטע ייִדענע:

אַנומלטן... מיין אַלטער...
באָם סטאַנאָוואָי געזעסן
האָט דער ראָשע, טרעפּט וואָס...

### אַלע:

(פאַרברעכן די הענט)

כאָזער?!

### צווייטע יִידענע:

יאָ, כאַזער געגעסן!

### אַלע ווייַבער:

ס'אַ שייגעץ, ס'אַ הולטאַי,
ס'אַ וואָס אין דער קאָרט,
ס'וואַקסט דאָך אַ גאַנעוו
אָן אַ וואָר וואָרט.

### ערשטער יִיד:

(מיט אַ גראָבן בויך און גאָלדענעם זייגער)

ראַבּויסאַי, זאָלט איר וויסן— — —
דאָס יִינגעלע לערנט זיך פֿון ביקסעלעך שיסן.
לאָמיר נאָר צוטראַכטן עפּעס אַ זאַך—
ס'זאָלן שקאָצים אַזעלכע ו[illegible]אַקסן קיין סאַך,

### אַלע יִידן:

(מיט גראָבע בייַכער און לאַנגע פּייעס)

ס'ניט גוט, ס'ניט גוט,
אַזעלכע שקאָצים הייַנט וואַקסן,
וואָס צאַפּן די בלוט;
קליינערהייט (קוקט אים אָן)
ער עסט אונדזער ברויט,
וואַקסט ער נאָר אונטער, טוט ער צום טויט!

### די יִידענע־די זאָגערן:

ראַבּויסאַי!
קריגט אים אַ רעבּן מיט דראָטענע ריטער,
קויפֿט אים אין קלייט אַ בייַכיקן סידער;
דער רעבּע וועט אים קאַטעווען,
דער רעבּע וועט אים שלאָגן,
דער רעבּע וועט אים לערנען
אַן אַלעף זאָגן!...

### אַלע ייִדן:

הום, הום, הום...
אין כיידער ווערט מען גוט און פרום.

(זיי ווינקען צום רעבן)

זיַיט זשע מויכל, רעב אַלטער ייִד,
נעמט מיט זיך דעם טאַנע מיט.

### דער רעבע:

(מיט די לאָקשן)

ייִנגעלע, ייִנגעלע קום אין כיידער,
דער מאַלעך וועט דיר וואַרפן געלט.

### יאָסל:

רעבעלע, רעבעלע, גיי אַליין אין כיידער,
דיַין מאַלעך איז אַ טויבער,
ער האָט ניט קיין געלט.

### דער רעבע:

ייִנגעלע, ייִנגעלע,
די טשערעדקע גייט,
דאַ-דאָס בענקעלע שטייט,
די-די לאָקשן וועלן ש-שמײַסן,
אונג פפלייצעלע וועט בבײַסן!
כאַפט אים, ככאַפט אים!

(די וויַיבער, די ייִדן און דער רעבע לאָזן זיך
כאַפן יאָסעלען).

### אַלע וויַיבער:

אַ שייגעץ,
אַ הולטאַי,
אַ וואָס אין דער קאָרט,
ס'וואַקסט דאָך אַ גאַנעוו
און אַ וואָר-וואָרט.

### די ייִדן:

ס׳גיט גוט, ס׳גיט גוט,
אַזעלכע שקאָצים הײַנט וואַקסן,
וואָס צאַפּן די בלוט.

### דער רעבּע:

אַי, אַי, אַי,
אַי, אַי, אַי,
גאָ-גאָר נײַע נײַסן!
אַ ייִנגל זאָל ניט וועלן
דע-דער רעבּע זאָל שמײַסן?!
און אז ש-שמײַסן איז וואָס—
לאָקשן קענען דען שאַדטן?
אַי יאָסעלע, יאָסעלע,
ז-זאָל אַ רוק אין דײַן טאַטן.

(זיי יאָגן זיך אַרום נאָך יאָסעלען, יאָסעלע אַנטלויפט. דרייט זיך אַרויס און בלײַבט ניט).

### עלטסטער ייִד:

ווּ איז יאָסעלע?

### עלטסטע ייִדענע:

ניטאָ יאָסעלע...

### אַלע ייִדן:

(ווענדן זיך אויס אין אַ ראָד)

ערגעץ אַנטלאָפן יאָסעלע...

### אַלע ווײַבער:

(שפּרייטן מיט די הענט)

אוּאַ יאָסעלע!

---

# צווייטע בילד.

עקספּלואטירטע מי.
לידער פֿון פֿרייהייט און קאמף.
ברענענדיקע געווארטע גייס.

אין פֿיר יאָר ארום.

אַ קוזניע. איבערן וועג דעם שמידס הויז. אַפֿן וועג גייען דורך מענטשן, פֿירן דורך טאַטשקעס. באַם קאָוואַדלע שטייט יאָסל מיט נאָך אַ יינגל. ביידע קלאַפּן זיך איבער מיט די האַמערס, יאָסל אַן אויסגעוואַקסענער באָכער שוין מיט שיינע קוטשאַרן אַפֿן קאָפּ, מיט באָרוועסע פֿיס אין שקראַבעס, אין קוזניע אַרבעטן נאָך יינגלעך.

## יאָסל:

אײַזן גלי,
אײַזן גלי,
און די גלעקער קלינגען,
אַ יונג אַ שמיד,
ווי איך, ווי דו,
דאַרף וואָס העכער זינגען.

## אַלע יינגלעך:

אײַזן גלי... אײַזן גלי... א. א. וו.

## יאָסל:

זינגען לידער שטאָל און אײַזן,
שטאָל און אײַזן מײַנע הענט,

פֿון די טורמעס,
פֿון די שלעסער,
איך וואָלט מײַן טאַטן ניט דערקענט.

איך וואָלט מײַן טאַטן ניט דערקענט,
איך בין געווען נאָך גאָר אַ קינד,
איך וועל דעם פֿײַער שטאַרק צעבלאָזן
איך בין שוין הײַנט אַן אַרבעט־יונג.

אַלע:

אײַזן גלי,
אײַזן גלי,
און די גלעקער קלינגען,
אַ יונג, אַ שמיד,
ווי איך, ווי דו,
דאַרף וואָס העכער זינגען.

איין ייִנגל:

נאָך לאַנג וועלן מיר שלעפּן, ווי די
אָקסן, דעם יאָך?

יאָסל:

ניין, נישט לאַנג!

ייִנגל:

ווו זעסטו אַ סאָף?

יאָסל:

ס'שמעקט מיט פּולווער אין דער לופֿט.

אַלע:

(פֿאַרכידעשטע)

הערסט?

(איינער שלעפּט אַ טאַטשקע ערד־קוילן, פֿאַרט
אָן און שטעלט זיך אָפּ אָטרויען)

— אָך, אָך, אָך!
אין שווערן יאָך,
געבויגן כ'בין אײַנדרײַען.
מיר דוכט זין נאַר,
צי איך הער אַף קלאָר?
אַ ליד פון קאַמף און פרײַהײַט?...
(ער פאַרט אַפ).

יאָסל:
ס'שטיל?

אַלע:
ס'שטיל.

יאָסל:
איר הערט?

אַלע:
מיר הערן.

יאָסל:
פּאַסאַך שין?

אַלע:
שאַ!

יאָסל:
באַנאַכט איז מען דאָ געווען,
באַנאַכט האָבן מיר זיך געזען.
לײַבעלע פּיק
איז געקומען צוריק.
ס'קאָכט, ס'ברענט,
ס'רודערן זיך ווענט...

**אַ יינגל:**

אין די גרויסע שטעט?

**יאָסעלע:**

אין די גרויסע שטעט!

... אַ שאָ און אַ שאָ,

און זיי זיינען שוין דאָ!

**אַלע:**

דאָ?

**יאָסל:**

דאָ! נאָר פּאַסאַך שין

**אַלע:**

ששאַאַ!...

(ווייבער אָרעמע קלייבן מיסט ניט ווייט פון קוזניע).

**ערשטע:**

ניט קיין טאָג, ניט קיין נאַכט,

ניט קיין שאַבעס, ניט קיין זונטיק.

**צווייטע:**

פאַרמוטשעט, פאַרשמאַכט,

פאַרוויסט און פאַרפינצטערט.

**ערשטע:**

ניט קיין קלייד אָפּן לייב,

ניט קיין שוך אַף די פיס.

**צווייטע:**

ניט קיין קויל אַף דערוואַרעמען

דאָס קינד, וואָס ס'הוסט,

## ערשטע:

יענץ איז געשטאָרבן
ווי ניט געווען אַף דער וועלט.

## צווייטע:

און דאָס צווייטע גייט אויס
אין נויט און אין קעלט.

## — איין יינגל:

קוק זיך צו
הער זיך איין!...
צייט מאַכן אַ סאָף
צו דער פינצטערער נויט:
דעם נאַקעטן—קליידער!
דעם הונגעריקן—ברויט!

## יאָסל:

ניט אַזוי.

## אַלע:

נאָר???

## יאָסל:

מיין טאַטע האָט געזאָגט:
מע דאַרף דאָס גאַנצע הויז איבערבויען:
די אויבערשטע קלעצער פונונטן
די אונטערשטע פונויבן!

## — אַלע:

אַזוי?

## יאָסל:

אַזוי!

## באַלעבאָס:
(קומט אָן)

וואָס הער איך פאַר אַ הויכע רייד,
ס׳קלינגט מיט אײַך שוין קינד און קייט.

## 1־טער יינגל:

איך אַרבעט בײַ אײַך שוין יאָרן,
איך האָב נישט קיין שיך אויף די פיס!

## באַלעבאָס:

שיך, שמיך —
דו הער מיך!
איך האָב גאָר וואָס געקלערט,
דו ביסט אַפילו דעם עסן ניט ווערט.

## 2־טער יינגל:

איך אַרבעט בײַ אײַך שוין יאָרן
און האָב ניט קיין העמד אויפן לײַב!

## באַלעבאָס:

גערעכט!
ס׳גאָרנישט שלעכט,
באַקלערט געוואָרן גיך
אי העמדער, אי שיך,
און ווער איז דאָ פאַרמישט?
יאָסעלע סאָציאַליסט!
הער, שווײַג, מײַנע רייד
איך זאָג:
— געשטאָרבן איז דײַן טאַטע אין טורמע —
דו וועסט גיין אין אָסטראָג!
העט פונדאַנען!
דײַן רייעך זאָל דאָ נישט בלײַבן!

## יאָסל:

זשענוג געפֿירט אונדז פֿאַר דער נאָז,
הער אויס, באַלעבאָס!
אויב דו ווייסט ניט, מעגסטו וויסן,
מיר האָבן שוין געהערט ניט אַזוינע גריסן.
(אַלטער אָרעמאַן מיט שטעקן און טאָרבע
קומט אָן).

## באַלעבאָס:

(טוט זיך צו אים א וואָרף)

שאָלעם אַלייכעם, ר׳ אָרעמאַן,
וואָס הערט מען עפּעס אַף דער וועלט?

## אָרעמאַן:

וואָס הערט מען?
גאָרניט הערט מען!
קיין גוטס איז ניטאָ!
באַ איינעם איז נאָך, ערעצייִסראָל איז באַ איינעם.

## באַלעבאָס:

ר׳ אָרעמאַן, קוועטשט זיך ניט
דערציילט גיך וואָס איז געשען?

## אָרעמאַן:

געשען איז אַ קלייניקייט:
אין די שטעט קאָכט ווי אין אַ קעסל;
דער קנעכט איז אויפֿגעשטאַנען אַפֿן האַר
דער אַרבעטער—אַפֿן באַלעבאָס און...

## באַלעבאָס:

און?

אָרעמאַן:

און יונג וויל אַלץ ניט הערן.

באַלעבאָס:

מאַי מאַשמע, ר׳ אָרעמאַן?
און אין מיטן דרינען?

אָרעמאַן:

אין מיטן דרינען
אַזעלכע שאַלעמויזן, ווי אָטאָ די אָ —
קוק ווי זיי הערן זיך צו—

(ער טוט אַ פּאָכע אָף די יינגלעך מיטן שטעקן)

זיי האָבן זיך צוזאַמען געקליבן אין פאַלקן
און גייען די וועלט כאָרעוו מאַכן...

באַלעבאָס:

רעדט ניט, ר׳ אָרעמאַן,
געננוג!
קומט אין שטוב אַריין.
— און איר, לײַדאַקעס, ניט אײַער זאַך זיך צוצוהערן,
גייט אין קוזניע אַריין, דער טאָג שטייט ניט.

(באַלעבאָס מיטן אָרעמאַן גייען אַוועק. די יינג-
גלעך קוקן זיך איבער, שטעלן זיך צום קאָוואַדלע).

יאָסל:

אײַזן גליִ,
אײַזן גליִ,
און די גלעקער זינגען,
אַ יונג אַ שמיד,
ווי איך, ווי דו,
דאַרף וואָס העכער זינגען.

אַלע:

זינגען לידער
שטאָל און אײַזן,
שטאָל און אײַזן מײַנע — — —

(פֿון וועג שיטן זיך אַרײַן אַ כעווריע יונגען מיט אַ פֿאָן: ווער אין שיך און ווער באָרוועס, ווער מיט אַ ביקס און ווער מיט אַן אײַזן).

יאָסל:

אַהאַ!
איז וווהין גייען מיר, כעווריע?

ערשטער:

נאָך ווייסטו נישט וווהין?
אין דער רויטער אַרמיי דינען...

צווייטער:

אין דער רויטער אַרמיי דינען
און מיט דער וועלט זיך קריגן...

דריטער:

זיך קריגן און זיך שלאָגן,
אַז בלוט זאָל גיין.

יאָסל:

וואָרעם ס'שוין לאַנג צײַט געווען.

ערשטער:

צײַט די ליידעקגייערס אין יאָך שפּאַנען
און פֿון טיש דורכטרײַבן.

צווייטער:

אַלע שטעט קאָכן שוין ווי די קעסלען,
און מיר רירן זיך ערשט פֿון אָרט.

יאָסל:

איז נעמט אונדז מיט,

מיר וועלן גיין אונדזערע ברידער אַנטקעגן!

דריטער:

מיר האָבן גאָר אַנדערש ניט געקלערט;

אַז ניט איר, איז ווער וועט גיין?!

יאָסל:

אַהאַ!

2־טער:

אַהאַ, אַהאַ!

3־טער:

אַהאַ, אַהאַ, אַהאַ!

אויב שוין גיין,

וועלן מיר גיין,

2-טער:

זיך שליסן אין רייען.

3־טער:

מיט ביקסן, אָן ביקסן.

4־טער:

אַ שטעקן וועט שיסן!

5־טער:

ס'וואָרעמט, ס'ברענט,

ס'בייסן די הענט.

ווער מען פלעט מען דעם ערשטן דעם קאָפּ?

(כעוורע וואַרפן פון זיך די פּאַרטעכער, גייען אַרויס צו די כאַווייריִם, גריסן זיך און האַלדזן זיך).

עלטסטער:

און דער דאָרף וועט גיין?

איין יונג:

וועט גיין.

עלטסטער:

ווער גייט זיי רופן אַהער.

יונג:

איך גיי זיי ברענגען אַהער.

(אף די רייד קומען אָן דאָרף-יונגען, איינער
פון די אַרבעטער כאַטש זיך אַרויף אף א פאַס).

רעדנער:

כאַוויירים!

אַלע:

כאַוויירים!

רעדנער:

איר זייט געקומען?

אַלע:

מיר זיינען געקומען.

רעדנער:

איר הערט?!

אַלע:

מיר הערן.

רעדנער: —

(בייט די שטים)

שפאַנען די פערד!

**אַלע:**

די פערד.

**רעדנער:**

בינדן דעם גאַלעך!

**אַלע:**

דעם גאַלעך.

**רעדנער:**

פאַרנעמען דאָס געווער!

**אַלע:**

דאָס געווער.

**רעדנער:**

און אין שטאָט זיך לאָזן.

**אַלע:**

זיך לאָזן.

**רעדנער:**

צו אַ טייל זיך צושלאָגן.

**אַלע:**

צו אַ טייל.

**רעדנער:**

אוררא!

**אַלע:**

אוררא!

(צווייטער כאַפּט זיך ארויף אויף דער טאָס).

**צווייטער רעדנער:**

כאַווייריִם!

אַלע:

באַווייריִם!

צוו. רעדנער:

איִר האָט געהערט?

אַלע:

געהערט.

רעדנער:

דיִ טורמעס...

אַלע:

צעבראָכן,

רעדנער:

דיִ פּריִציִם...

אַלע:

צעשטאָכן.

רעדנער:

דיִ שטעט אַלע...

אַלע:

— קאכן!

רעדנער:

— דער צאַר...

אַלע:

— און אַ לאָך איִז!
— דיִ פּעטע בײַכער
— וויִ פּאַרסאַמטע מײַז
— לויפּן אום?

— הער און הין!
אורראַ!!!
אורראַ!!!

## דריטער רעדנער:

(אנקעגן אוילעם)

— כאַווײרים?!
— כאַווײרים!
— מיר גייען?
— מיר גייען.
געשלאָסן אין רייען!
— ערשטער!
— צווייטער!
— ערשטער!
— צווייטער!
— ערשטער!
— צווייטער!

(מע פאָרמירט זיך אין רייען, מ' ציילט זיך אויס, מע זינגט).

# דריטע בילד

א בעהאַלע בא די גראָבע.
זיי בעראטן זיך.

פאַבריקאַנטן, באַנקירן, גוטבאַזיצער בעראַטן זיך. זייערע ווייבער און מישפּאָכעס הערן זיך איין. א פאָרזיצער, א זייגער, א גלעקל און אלץ, ווי ס'געהער צו זיין,

## דער פאָרזיצער:

אייער מאַיעסטעט האָט דאָס וואָרט.

## ערשטער:

—איך זאָג—
אַ נאַרישן קייסער האָבן מיר געהאַלטן.
ער האָט נישט געקאָנט די וויסטע קנעכט איינשטילן,

## צווייטער:

איך זאָג, מיינע הערן,
אַ נאַרישן קייסער האָבן מיר געהאַלטן,
אַז מ'האָט אים געקענט איינריידן,
ער זאָל פון שטול אראָפּ.

## דריטער:

מיינע הערן!
א נאַר לאָזט אריין אַ שטיין אין גרוב,
קענען קיין צען קלוגע ניט ~~אַרויסנעמען~~!

### די ווײַבער:

(אויפגערעגטע).

קענע, קײַן צען קלוגע ניט אַרויסנעמען!

### פערטער:

מײַנע הערן!

די וואַסער רײַסט דורך,

איז זי שווער צו פֿאַרהאַלטן,

די קנעכט האָבן זיך צעבושעוועט,

איז זיי שווער צו פֿאַרצוימען.

### פינפטער:

ווו זײַנען די הייליקע פּאַטערס!

פֿאַרוואָס קענען זיי אָפּן פֿאָלק ניט ווירקן?

(פֿאַרזיצער קלינגט, אַלע קוקן צו דער טיר, דער מעשאָרעס רופט אַרײַן די גאַלאָכים, ראַבאָנים און קסיאָנדזן, יענע פֿאַרנייגן זיך ביז צו דער ערד).

### ערשטער באַנקיר:

(צו די גײַסטלעכע).

— אַי, אַי, אַי!

### אַלע:

(צו די גײַסטלעכע שאָקלען מיט די קעפּ).

אַי, אַי, אַי!

### ערשטער באַנקיר:

מ'קען זיך אַף אײַך פֿאַרלאָזן?

### אַלע:

נו, יאָ.

מ'קען זיך אַף אײַך פֿאַרלאָזן?

פֿאָרזיצער:

הייליקע פֿאָטערס!
וויפֿל מיר האָבן אייך געקעכלט,
וויפֿל מיר האָבן אייך געבעטן,
לערנט זיי די וויסטע קנעכט מוירע האָבן פֿאַר גאָט!...

אַלע:

מוירע האָבן פֿאַר גאָט!...

פֿאָרזיצער:

דינען דעם קייסער געטריי...

אַלע:

דעם קייסער געטריי...

פֿאָרזיצער:

און בעטן גאָט פֿאַר אונדז.
מיר האָדעווען דאָך זיי מיט ברויט!

אַלע:

מיר האָדעווען דאָך זיי מיט ברויט...

ערשטער גאַלעך:

ווינציק קלויסטערס געבויט, מײַנע הערן!

פֿאָרזיצער:
(צום שרייבער)

פֿאַרשרײַב!

ערשטער ראָוו:

ווינציק יעשיוועס, אײַער הויכגעבוירט!

פֿאָרזיצער:

פֿאַרשרײַב!

### ערשטער קסיאָנדז:

ווינציק טורמעס, פריצים כאָשעווע!

### אַלע:

בראַוואָ, בראַוואָ!
ווינציק טורמעס!

### ערשטער שאָליעך:

(לויפט אריין)

שלעסער,
שלעסער אויפגעהאַנגען אַף די פאַבריקן!
ס'זייערס!

(די ווייבער פארברעכן די הענט און כאַלעשן).

### צווייטער שאָליעך:

(לויפט אריין)

פון די בענק די געלט אַרויסגענומען!
ס'זייער געלט!

(אַלע כאַפּן אָנטאָן און אויסטאָן די ברילן, רייבן די הענט).

### דריטער שאָליעך:

(טראָגט אריין אַ פּאַפּיר)

זיי לאָזן אַרויס אַ געזעץ—די ערד
צעטיילן צווישן די פויערים.
די ערד איז זייערע!

(אַלע שרייען, אָמעטרן זיך).

### פאָרזיצער:

(קלינגט, צום ערשטן).

איר האָט אַ וואָרט, אייער מאַיעסטעט!

### ערשטער:

איך זאָג, איך, איך, זאָג—מע דאַרף שרייען גוואַלד!

צווייטער:

גוואַלד איז ווינציק,
גוואַלד געשריגן!

אַלע ווייַבער:

גוואַלד געשריגן!

דריטער:

מע דאַרף צו זיי שיקן מענטשן.

פערטער:

צו וועמען ווּעסטו שיקן מענטשן, צו די אַרעסטאַנטן?

צווייטער:

צו די קאַטאָרזשאַנעס?

אַלע:

צו די קאַטאָרזשאַנעס שיקן מענטשן?

ערשטער:

יאָ, שיקן מענטשן, אייַנריידן זיי.

אַלע:

אַז וואָס?

ערשטער:

אַז מיר זאָגן זיי צו.

אַלע:

וואָס הייסט? וואָס הייסט!
מעשוגע זייַנען מיר!
דול זייַנען מיר?

ערשטער:

יאָ, יאָ, צוזאָגן, נאָר זאָגן זיי
אָנידערלייגן די ביקסן.

### צווייטער:

פּאַרדאָן! אויב שוין אַזוי, איז ניט אַנידער-
לייגן די ביקסן, נאָר אויסנאַרן באַ זיי די ביקסן.

### אַלע:

בראַוואָ, בראַוואָ! אויסנאַרן
באַ זיי די ביקסן!

### אַלע:

מענטשן, מענטשן!
שיקן צו זיי מענטשן!
ווער וועט גיין?
ווער וועט גיין?

### איינער צום אַנדערן:

— איר וועט גיין.
— גייט איר!
— איר ווייסט בעסער.
— איר קענט זיי.
— אייַך וועלן זיי גלויבן.
— גייט איר!
— גייט איר!
— צווייען גייען.
— דרייַען גייען.

### פּאָרזיצער:

(קלינגט).

אַלזאָ, אַלזאָ, מ׳דאַרף זיי צוזאָגן.

### אַלע:

מע דאַרף זיי צוזאָגן.

פֿאָרזיצער:

אַלצדינג דאַרף מען זיי צוזאָגן...

אַלע:

אַלצדינג דאַרף מען זיי צוזאָגן...

פֿאָרזיצער:

נאָר זאָלן זיי אָפּוועקלייגן דאָס געווער.

צווייטער:

(מיט כּעס)

פֿאַרדאָן נישט אָפּוועקלייגן דאָס געווער,
נאָר אויסנאַרן בײַ זיי דאָס געווער.

פֿאָרזיצער:

טאַקע, אַנטשולדיקט, אויסנאַרן, אויסנאַרן בײַ זיי דאָס געווער.

אַלע:

אויסנאַרן, אויסנאַרן בײַ זיי דאָס געווער.

(זיי אַפּלאָדירן)

פֿאָרזיצער:

(צו די שלוחים)

גייט זאָגט זיי, אַז מיר וועלן מאַכן, שפּיטאָלן
וועלן מיר פֿאַרזיי מאַכן.

(די שלוחים לאָזן זיך גיין)

ערשטער:

צוריק, צוריק!
שולן וועלן מיר בויען פֿאַר זייערע קינדער,
מיר זאָגן זיי צו שולן.

(די שלוחים גייען)

צווייטער:

צוריק, צוריק!
היזער פאַר זייערע אַלמאָנעס.

דריטער:

קיכן, קיכן פאַר די יעסומים,
אונדזערע ווייבער וועלן אַליין גיין קאָכן
פאַר מיצווע,

די ווייבער:

מיר וועלן גיין, אַוואַדע וועלן מיר גיין,
שטענדיק גייען מיר

(די שלוכים לאָזן זיך גיין)

פערטער:

צוריק, צוריק!
סאַמע דאָס העכסטע פאַרגעסן.
זיי פוילן זיך אַרבעטן, צען שאָ
אַ טאָג ווילן זיי, מיר זאָגן זיי צו,
נאָר זאָלן זיי אָפּגעבן די ביקסן!

(די שלוכים גייען אַרויס)

ערשטער:

איצט דאַרפן מיר זיך צעגאַרטלען...

(אַלע צעגאַרטלען זיך).

און אַרויסנעמען אונדזערע בייטלען...

(אַלע נעמען אַרויס די בייטלעך- געלט)

און אַוועקלייגן אָפן טיש...

(אַלע וואַרפן די געלט אָפן טיש)

מיר שיקן דינגען כאַיל, יענע טעלוכעס
וועלן קומען אונדז צו הילף, דענסטמאָל
וועלן מיר פון די עלטסטע פון זייערע
שטיקער שנײַדן — — —

אַלע:

שטיקער שנײַדן!

ערשטער:

און די איבעריקע װעלן מיר פּאַקעװען
אין די טורמעס,
װי הערינג אין די פֿעסער.

אַלע.

װי הערינג אין די פֿעסער.

(זײ אַפּלאָדירן און שרײַען)

אַ שאָליעך:

(לױפֿט אַרײַן דערשראָקן)

זײ גײען אַהער!

ערשטער:

װער גײט אַהער?

שאָליעך:

די אַרעסטאַנטן.

אַלע:

די קאַטאָרזשאַנעס?

(סװערט א שרעק, א בעהאָלע. מע זוכט ערטער
אף זיך בהאלטן)

שאָליעך:

זײ זײַנען שױן דאָ!

(א טײל רױטע היטלען קומען אַרײַן. ס'װערט
א טױטע שטילקײַט).

ערשטער קאָמיסאַר:

װאָס טוט איר דאָ, הערן?

## פאָרזיצער:

(מיט גרויס שרעק ווישט די הענט און טאפט
זיך בא די ברילן)

מיר זוכן אייצעס, ווי אַזוי און מיט וואָס
איַיך, יונגע, איבערצובעטן.

## עלטסטער קאָמיסאַר:

קיינע אייצעס, און קיינע געבעטן.
צו אַ גיפטיקער שלאַנג איז נאָר
איין מיטל פאַראַן—פאַרלענדעניש!
מאָרגן אין דער צייַט גייט אין פעלד אונדזער אָפענער
קאַמף מיט אַלע „שייגע לייַט".
דער טאָג וועט וויַיזן וועמעס עמעס ס'איז!
מאַרש!

(אלע גייען).

# פֿערטע בילד

אפֿן שלאכט-פֿעלד.
די מילכאָמע גייט.
דער ניצאָכן איז דא.

א ליידיקער פֿעלד. אין מיטן פֿעלד א שטיין. א יונגער אָרעמאַן קומט אָן מיט זאק און טאָרבע קוקט זיך אום הין און צוריק רעדט צו זיך אליין.

## אָרעמאַן:

(ווייזט מיטן שטעקן אפֿן שטיין).

דאָ וועלן זיךביידע צדאָדים לאָדן צווישן זיך. דאָס איז דער קרינשטיין, דער טאָג ווען ווייזן וועמעס עמעס ס׳איז.

(ער זעצט זיך אוועק אפֿן שטיין, ס׳לויפֿן דורך א טוטשקע הינט און איילן).

## אָרעמאַן:

ווער זייט איר? שטייט צו אַ ווײַלע. לויפֿט ניט אַזוי.

## הינט:

מיר זײַנען דעם פּאָרעצס באַגלויבטע דינער.

## אָרעמאַן:

טאָ וואָס זייגט איר באַ זיך אַזוי געפֿאַלן?

### הינט:

האַו, האַו, אַ היישעריק איז אויפֿגעשטאַנען און וויל די וועלט איבערמאַכן.

### אָרעמאַן:

טאָ וואָס איז שלעכט?

### הינט:

האַו, האַו, אונדזערע פּריצים האָבן זיך צעלאָפֿן, און מיר וועלן בלײַבן אויסן האַו, האַו האַוווו...

(די הינט לויפֿן אוועק מיט א יאָמער).

### אָרעמאַן:

(צו זיך אליין)

די פּריצים. זיי האָבן נאָך אַף אַסאַך גוטס צושאַפֿן, זיי זוכן זיך אייצעס...

(פֿון א גאָענטער וועגעלע לויפֿט ארויס א מיי־דעלע אפֿן פֿעלד און שרײַט).

### מיידעלע:

אוי־וואָ! אוי־וואַ! ווער וועט מיר דעם טאַטן פֿון טורמע ארויסנעמען, ווער וועט מיר די מאַמע פֿון איר קרענק היילן?

אוי־וואָ! אונדזער פֿעלד שטייט ניט געזייט און ניט געאַקערט. ס'וועט קומען ווינטער, וועלן מיר גאָר צושטאַרבן פֿון הונגער.

### אָרעמאַן:

דו ווייסט, מיידעלע, און ווייסט, אָנאָ גייען אַזעל־כע... זיי וועלן דעם טאַטן פֿון טורמע אַרויסנעמען, זיי וועלן די מאַמע פֿון איר קרענק היילן, זיי וועלן דיר דעם פֿעלד צואַקערן און נאָך פֿאַרטיקן ברויט ברענגען.

מיידעלע:

ווער זײַנען זיי?

אָרעמאַן:

אומגעזוערע ברידער!

מיידעלע:

אַ װעלכע ברידער?

אָרעמאַן:

די פֿאַראַרבעטע און די פֿאַרהאָרעוועטע,
די געפּײַניקטע און די געשלאָגענע,
זייער שווייס האָט מען געקויפֿט פֿאַר גראָשנס,
זייער בלוט ט'מען גענומען אומזיסט...

מיידעלע:

ווו זײַנען זיי?

אָרעמאַן:

אָנאָ וווּ גייען זיי,
אָט הויבט זיך אָן אַ וואָלקן,
דאָס איז דער שטויב פֿון זייערע פֿיס.

מיידעלע:

אַסאַך וועלן זיי קומען?

אָרעמאַן:

די אונטערגעדריקטע און פֿאַרמוטשעטע—
זיי איז ניט איבערצומעסטן און איבערצוציילן,
זיי זײַנען פֿיל, ווי זאַמד אין דער ערד,
נאָר דאָ גייט אַ טייל פֿון זיי—

אַרום דעם שטיין וועלן זיי זיך קריגן מיט זייערע פֿײַנט.
קום לאָמיר זיך באַהאַלטן ביז דער געשלעג וועט
איבערגיין.

(זיי גייען אָפּ. פֿון ביידע זײַטן קומט אָן כאַיל.
פֿון איין זײַט קומען גראָבע בײַכער און ווײַסע
הענט, בא יעדערן איז א גאָלדך פֿין דער רעכטער
האנט און א ראָוו פֿון דער לינקער. אף א ברעט
טראָגן זיי אָן אָנגעמאָלטן האלב-גאָט, האלב-קייסער.

פֿון דער צווייטער זײַט קומען פֿארשמאָלצענע
רעקלעך, פֿארארבעטע הענט—מענער און פרויען;
זיי טראָגן א סערפּ מיט א האמער. די גראָבע
שיסן פֿון אָנגעבלאָזענע, פאפירענע שקאָרמיצן;
די ארבעטער שיסן מיט האמער און אײַזנס. יעדערער ווארפט ארויס זײַן טאָינע, שיסט אויס
און ווארט אפֿן צווייטן).

## גראָבע:

זאָגט, הײשעריקן, וואָס רודערט איר אוף די וועלט?

(זיי ייזיסן אויס).

## אַרבעטער:

אײַער וועלט איז צעפֿוילט, און אײַער שאָ איז געקומען.

(זיי שיסן אויס).

## גראָבע:

אַי-אַי-אַי, איר וועט ניט פוילן!

## אַרבעטער:

אונדזער שווייס און בלוט!

## גראָבע:

אַי-אַי-אַי, מיר וועלן נישט געבן.

אַרבעטער:

מיר וועלן נעמען מיט גוואַלט!

גראָבע:

רעשאָים איר אַזוינע, גאָט האָט אונדז געגעבן!

(די גאַלאָכים מיט די ראַבאָנים לויפן אַרויס פאָרויס).

אַרבעטער:

(אַ שמייס מיט די פּנים).

אָט איז אייער גאָט!

גאַלאָכים, ראַבאָנים לויפן צוריק מיט צעשלאָגענע זייטן.

גראָבע:

אַי-אַי-אַי, זיי גלויבן אַפילע ניט אין גאָט...

אַרבעטער:

אונדזער עמעס איז אין אונדז אַליין!

גראָבער באַנקיר:

היישעריקן!

אַז ניט מיר, ווער דען וועט געוועלטיקן?!

אַרבעטער:

דער, וואָס האָט געבויט!

גראָבע:

ווער אַזוינער?

אַרבעטער:

דער אַרבעטער!

גראָבע:

ווער וועט געזעצן שרייבן?

אַרבעטער:

דער אַרבעטער!

גראָבע:

ווער וועט פֿון אַלץ אין דער וועלט ג, סן?

אַרבעטער:

דער אַרבעטער!

גראָבע:

(כאַפּן זיך פֿאַר די קעפּ).

אַי-אַי-אַי-אַי!!!...

(הויבן אָן פֿאַלן).

אַרבעטער:

די קנעכט זײַנען אַרויס
אַף דער פֿרײַ!

1־טער:

ס'שײַנט דער טאָג!

צווייטער:

ס'שפּילט די שאָ!

דריטער:

מיר האָבן פֿײַנט אי דאָרט אי דאָ,
נאָר קאָנען ווײַזן עמעס.

### אײנער:

יאָסל שמיד, וואָס שטײסטו?!
נעם דעם האַמער שלאָג!
זאָג און גיב צו װיסן דער גאַנצער װעלט—
אונדזער װאָר האָט אױפגעהעלט.

### יאָסל שמיד:

(גײט אַרױף מיט אַ האַמער און אַ בלעך אָפּן
שטײן און רופט) —

שטײט אױף איר אַלע,
װער פון אַרבעט װײס
און פון װאַכנדיקן װילן!
דער פײַער ברענט,
דאָס אײַזן גליט,
און קאַם הײַנט מאָלט
אַף אַלע מילן.
שטײט אױף,
שטײט אױף,
די שניט אונדז רופט.
און דער טאָג שטײט ניט.

### דריטער:

(גײט אַרױף מיט אַ טרומײט)

מיזרעך!
מאַירעוו!
צאָפן!
דאָרעם!
הערט און לאָזט הערן!
דער טאָג האָט אױפגעשײַנט אַף אַלע—
טױבע װעלן דערהערן,
און בלינדע

**וועלן זעענדיק ווערן!**

**קוקט ווער ס׳גייט צו דער מאַכט!!!**

(דער אוילעם לאָזט אַ וועג)

אַפֿן שטיין גייען ארוף אַן אַרבעטער, אַ מויער און רויטאַרמייער, דאָס פֿאָלק קומט אָן.

דאָס פֿאָלק טראָגט ברויט און בלומען.

דאָס פֿאָלק שאַלט.

---

